# ארץ ישראל אין דער מלחמה
# און נאָך דער מלחמה

פון אַ רעפעראַט געהאַלטן ביים ועד הפועל מיטינג פון דער מזרחי אָרגאַניזאַציע, מאָנטאג אָוונט 25טען יאַנואַר, 1943, אין האָטעל ניו־יאָרקער, ניו יאָרק.

פון


## הרב ר׳ מאיר ברלין

פרעזידענט מזרחי וועלט־אָרגאַניזאַציע





ארויסגעגעבען פון דער

מזרחי אָרגאַניזאַציע פון אמעריקא

# ארץ ישראל אין דער מלחמה
# און נאָך דער מלחמה

פון אַ רעפעראַט געהאַלטן ביים ועד הפועל
מיטינג, מאָנטאַג אָוונט 25טען יאַנואַר,
1934, אין האָטעל ניו־יאָרקער, ניו יאָרק

פון

## הרב ר׳ מאיר ברלין

פרעזידענט מזרחי וועלט-אָרגאַניזאַציע



ארויסגעגעבען פון דער

מזרחי אָרגאַניזאַציע פון אמעריקא

מד׳ מצעדי גבר כוננו — די ברכת הגומל וואָס איך דאַרף איצט בענשען איז אויף אלע 4 זאַכען צוזאַמען און דעריבער איז אפשר בעסער וואָס איך האָב ניט געקענט אַנוועזענד זיין אויפ׳ן באַנקעט, ווייל דער שווערער וועג גיט ניט קיין באַגייס־טערונג פאר א באנקעט און מיינע רייד זיינען ניט קיין באנקעט־רייד און מיינע שליחות׳ן זיינען דערצו ניט צוגעפּאַסט, איך בין כאבל בין החתנים. איהר מעגט זיין צופרידען מיט דער גרויסער ארבייט וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרען דורך מזרחי אין דער פאַרגאַנגענהייט, אין משך פון די לעצטע 40 יאָהר, אָבער מ׳יר קוקען אויף 40 יאָהר צוקונפט, און עס שטעהען פאר אונז זעהר שווערע פּראָבלעמען וועלכע מ׳קען ניט לייזען מיט אפּלאָ־דיסמענטען. איך ברענג אייך ידיעות פון שווערע יאָהרען און די מסקנות דאַרפט איהר אליין ציהען. די סיטואַציע פון אידען איז איצט ווי אין דער צייט פון חורבן הבית און מיר דארפען געדענקען אז כל מי שלא נבנה בית המקדש בימיו — כאילו נחרב בימיו.

צוערשט דארף איך אויספילען די שליחות פונ׳ם ועד הראשי פון מזרחי וועלכער האָט זיך פאַרזאַמעלט 3 אָוועטנטען פאַר מיין אוועקפאָר מיט דער באַטייליגונג פון די רבנים ראשיים און איך פיהר פון דאָרט א ברכה און א גרוס צום אמעריקאנער מזרחי און צו די אייראָפּעאישע מזרחי פיהרער וועלכע געפינען זיך אין אמעריקא.

# דריי תקופות

זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה האָבען מיר אין ארץ־ישראל איבערגעלעבט 3 תקופות. די ערשטע ווען מען האָט זיך נאָך ניט געקענט אָריענטירען וועלכע שטעלונג צו נעמען און וואָס אונזערע פליכטען זיינען; די צווייטע תקופה ווען דער שונא האָט זיך דערנעהנטערט צו ארץ־ישראל און די דריטע — די לעצטע צייט, ווען די וועלט גלויבט שוין אז דער זיעג אי־בער׳ן נאַציזם איז געזיכערט, און הכנות ווערען געמאכט אויף נאָך דער מלחמה.

אין דער ערשטער צייט זיינען מיר געווען אין אַ לאַגע אנדערש ווי אידען פון דער גאנצער וועלט. אומעטום האָבען אלע באדארפט העלפען זייער לאנד, אָבער אין ארץ־ישראל איז דער גייסט געווען אינגאנצען אן אנדערער, ניט נאָר די אַראַבער האָבען ניט געקלערט וועגען זיך באַטייליגען אין קריעג, נאָר אפילו די אָפיציעלע פאָרשטעהער פון דער מלוכה האָבען דאָס ניט אין זינען געהאט. אידען האָבען אָבער געפיהלט אז די מלחמה איז אונזער מלחמה. ביי אונז האָט זיך די מלחמה אָנגעהויבען פריהער ווי ביי דער גאַנצער וועלט, ביי אונז האָט זיך אָנגעהויבען די מלחמה מיט ברענען די שוהלען אין דייטשלאנד, און כאָטש מיר זיינען געווען שטארק פארביטערט געגען ענגלאנד, פאטריא און שטרומא, זיינען אונז פריש, האָבען מיר באשלאָסען צו כובש זיין דעם יצר־הרע פון שנאה. מיר האָבען געהאט דאָס געפיהל, אז היטלער האָט אונז אויך מעהר פיינט ווי ער האָט פיינט ענגלאנד. די אַראַבער האָבען געוואַרט אז היטלער און מוסאָליני זאָלען אריין קיין ירושלים און די רעגירונג האָט זיך אויך פאָרהאַלטען זעהר גלייכגילטיג צו די פּאַסירונגען, אפשר האָט זי נאָך געהאָפט, אז דער אידישער ישוב וועט געבראָכען ווערען. גרויסע פּראָבלעמען זיינען ענטשטאַנען. קודם־כל די פראַגע פון דיסציפּלין, אז אלע זאָלען פארשטעהן אז מיר דארפען פרייוויליג טאָן וואָס מיר קענען פאר דער מלחמה, דאן איז ענטשטאַנען די פראגע צו וועלען מיר ניט אָפּשוואכען אונזער

אייגענעם פראַנט ווען מיר וועלען געהן קעמפען ערגעץ אנ־
דערש.

עס האָט זיך ארויסגעוויזען אז מיר זיינען שוין ברוך־השם דערוואקסען צו האָבען אן אייגען לאנד און צו זיין בירגער פון אן אייגענער מלוכה. ניט קוקענדיג אויף אלע חלוקי־דעות האָט געהערשט דיסציפלין און אחריות אין ישוב און דער עיקר עס איז געווען א פיהרערשאפט. מיר האָבען באשלאָסען אונזערע כוחות צוטיילען: א חלק אין דערהיים, מיר האָבען דאָך אן אייגענעם פראַנט אין שכט, טול־כרם און אויך ארום ירושלים א. ד. גל. און א חלק אוועקשיקען אויף אנדערע פראָנטען. מיר האָבען באשלאָסען אז אונזערע גרעניצען זיינען אין אפריקע, אין איטאַליען און אפילו אין פּאַריז און וואוהין מיר קענען, אַהין זאָלען מיר מענשען שיקען.

נאָך א פּראָבלעם: מען האָט אונז ניט געלאָזט צו זיין קריגער... מען האָט אונזערע סאָלדאטען ניט געשיקט צום פראַנט. מ׳האָט אידען ניט גערן געגעבען קיין געוועהר אין האנט און אונז בלויז געלאָזט צו זיין חוטבי עצים ושואבי מים, מיר האָבען אָבער ניט קוקענדיג אויף אלעס באשלאָסען צו באַטייליגען זיך אויף אלע אופנים. מיר האָבען אינזינען געהאט די געגענווארט און די צוקונפט. די רעוויזיאָניסטען האָבען לכתחילה זיך ניט געוואָלט אָנשליסען, אָבער שפּעטער האָבען זיי זיך אויך פאר־איייניגט מיט׳ן גאנצען ישוב. עס זיינען דאן ענטשטאַנען פאר־שידענע שוועריגקייטען: די רעגירונג האָט ניט געטראָגען די קלענסטע אחריות פאר וואפען, פאר אָרגאַניזירען און פאר שטי־צען די פאַמיליעס. דער אידישער ישוב האָט געטראָגען אויף זיך דעם גאנצען אחריות און געשאפען אייגענע פאָנדען. פאר׳ן מס־החירום איז געשאפען געוואָרען אין די לעצטע 6 חדשים ארום א פערטעל מיליאָן פונט (איבער א מיליאָן דאלאר) אין צוגאָב צום „כופר הישוב״ וועמענס צוועק איז צו שטיצען די „הגנה״ אין לאנד. אלס רעזולטאט זיינען 27 טויזענט אידען אין דער ארמיי און איבער 30 טויזענט אין דער „הגנה״ אין לאנד גופא. אחוץ זעהר א קליינעם און אונבאדייטענדען טייל פון „משתמטים״ זיינען אלע אויסגערעכענטע געגאנגען פריי־

היליג און ניט מיט אויסרעכענונג וואָס אנדערע וועלען זאָגען, ווי עס קומט פאָר אין אנדערע לענדער, נאָר יעדער איז פעסט באשלאָסען צו שטעהן פנים אל פנים מיט'ן שונא. צווישען די אידישע סאָלדאטען זיינען דאָ בערך 4 טויזענט פרויען. זיי שטעהען אין אָדער ארום שלאכטפעלד און זיי גיבען צו כבוד דעם אידישען נאָמען.

ביי רעליגיעזע אידען איז געווען א פראָבלעם ווי אזוי צו געהן אין קריעג און דאָך אָפּהיטען די מצוות. זעהר א סך האָבען ממש מיט מסירות נפש און מיט די גרעסטע שוועריגקייטען אָפּגעהיט אידישקייט, פאר דעם קומט א סך קרעדיט דעם „מזרחי" און „הפועל המזרחי" און באזונדערס דער רעליגיעזער ספאָרט אָרגאַניזאציע „אליצור". ווען ניט דער „אליצור" וואָלטען רעליגיעזע יונגעלייט געמוזט זיך אסימילירען מיט אנדערע און וואָלטען געשטאַנען פאר'ן אויסוואהל, אדער אוועקלאָזען שבת און כשרות אדער זיצען אין דערהיים. א דאַנק דעם „אליצור" זיינען 800 אונזערע יונגעלייט אין דער ארמיי, 300 זיינען נוטרים און 2000 זיינען אין דער „הגנה". א פערטער טייל פון דעם „משמר החוף", די וואַך וואָס היט די ארץ־ישראל'דיגע פאָרטען, זיינען אונזערע חברים.

## ווען דער שונא איז געשטאַנען ביי די טויערן פון ארץ ישראל

3 מאָל האָט די סכנה פון אן אינוואַזיע געשוועבט איבער ארץ־ישראל. 1) ווען דער שונא האָט קאָנצענטרירט זיינע קרעפטען אין סיריע; 2) ווען ער האָט אקופירט דאָס אינזעל קרעטע און 3) ווען דער שונא איז געשטאַנען ביי אל־אלאמעין. דעם ערשטען מאָל האָט מען שוין אפילו עוואקואירט עטליכע קאָלאָניעס וועלכע געפינען זיך ביי די גרעניצען. די לאַסטען פון דעם אלעמען האָט ווייטער אויף זיך געטראָגען דער אידישער ישוב און די אידישע אגענטור. אין קיין רעגירונג האָט

ניט געקענט זיין מעהר סיסטעם און פאַראַנטוואָרטליכקייט ווי מיר האָבען עס דורכגעפיהרט. זעהר א סך הילף האָבען אידען געגעבען די ענגלענדער ביים באזיעגען סיריען. די ענגלישע סאָלדאַטען זיינען געווען אונבאהאָלפען, זיי האָבען זיך ניט געקענט צוזאַמענרעדען און ניט געוואוסט די וועגן. אידען האָבען געראַטעוועט די סיטואציע און געראטעוועט דאן די מלחמה. איך האָף אז דאָס וועט ניט פארגעסען ווערען אין טאָג פון נצחון.

ווען ראָמעל איז געשטאַנען ביי אלעקסאנדריע איז דער ישוב געווען צוטיילט אויף 3 טיילען: איין טייל איז געווען גרייט צום קאמף. גרינג וואָלט עס דעם שונא זיכער ניט אָנגעקומען. מ׳האָט גערעדט פון פאַרטיזאנישער מלחמה, פון גערילא קאמפען, גאָט צו דאנקען עס איז דערצו ניט געקומען. אלע פון דעם דאָזיגען טייל זיינען געווען מוכן ומזומן צו מסירות נפש ממש. קיין געדאנק פון לויפען און באהאלטען זיך איז ניט געווען.

א צווייטער טייל האָט טאָג און נאַכט באַלאַגערט די שוהלען און בתי מדרשים און דורך משמרות האָט מען שטענדיג תפלה געטאָן צום רבונו־של־עולם אָהן א מינוט איבערררייס. זיי האָבען דאָס געעפענט די שערי רחמים מיט זייערע תחינות ובקשות.

און א דריטער טייל איז געווען פון די אידען וואָס זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל געיאָגט פון די נאַצי־לענדער און דער עיקר פון דייטשלאנד וועלכע האָבען אויסגעקויפט דעם גאַנצען גיפט און געהאלטען גרייט דעם סם אין די קעשענעס אין פאַל פון אן אינוואזיע... ניט דער גלויבען און ניט דער מוט איז ביי זיי געווען גענוג שטארק. זיי האָבען זיך ניט פאַרגעשטעלט אז היטלער זאָל פארטריבען ווערען אדער אז עס זאָל מעגליך זיין צו פיהרען א קאמף. דאנקען גאָט די דאָזיגע צייט איז שוין אויך פאָראיבער.

דער ישוב האָט אויף איין ווייילע ניט אויפגעהערט זיין טאָג־טעגליכע ארבייט. דער אינערליכער געפיהל איז פאָרט געווען: חרב לא תעבור בארצנו. דער ישוב איז געווען רייף און האָט פאַרשטאַנען אז כאָטש מ׳דאַרף זיין גרייט צום קאמף טאָר מען אבער די בוי ארבייט אויף א מינוט ניט איבעררייסען.

# ציפערן פון בנין הארץ

איך האָב מיט זיך אָפיציעלע ציפערן וועגען בנין הארץ פון 1937 ביז אָנהויב 1942. אָנהויב 1937 איז געווען אין ארץ־ישראל 404 טויזענט אידען, דערפון 99 טויזענט אין דערפער; 55 טויזענט אידען האָבען געלעבט פון ערד־ארבייט. אָנהויב 1942 זיינען געווען 510 טויזענט אידען (ענדע 1942 זיינען לויט׳ן חשבון פון די שפּייז קאַרטען געווען 570 טויזענט) דערפון זיינען געווען 145 טויזענט אין די דערפער און 68000 האָבען געלעבט פון ערד־ארבייט. אָנהויב 1937 האָבען אידען פארמאָגט לאנד אין ארץ־ישראל 1 מיליאָן מיט 232 טויזענט דונאם, דערפון דער קק״ל 370 טויזענט. אָנהויב 1942 האָבען אידען פאַרמאָגט באָדען 1 מיליאָן מיט 475 טויזענט דערפון קק״ל 560 טויזענט (ביי היינטיגען טאָג האלט שוין דער קרן קימת ביי 615 טויזענט דונאם באָדען). אין 1937 זיינען געווען אין אר ץישראל 203 אידישע קאָלאָניעס דערפון 76 פון קק״ל און אין 1942 זיינען געווען 265 קאָלאָניעס דערפון פון קק״ל 130 (לעצטענס זיינען צוגעקומען נאָך 17).

די דאָזיגע ציפערן זיינען אויסגעקריצט אין לעבען פון אידישען ישוב מיט גרויסע קרבנות, מיט בלוט און שווייס פון שווערער ארבייט. דער רעזולטאט איז, אז נאָך אמעריקא און נאָך די לעצטע אומגליקען אין דער אידישער וועלט איז דער ישוב אין ארץ־ישראל דער צווייטער אין דער גאנצער אידישער וועלט. דער אידישער ישוב איז געוואָרען שטארק ניט נאָר דורך ערד־ארבייט נאָר אויך דורך א גוואַלדיגער פּראָדוקטי־וויטעט אין דער אינדוסטריע און אלע מלאכות. 80 טויזענט אידען ארבייטען איצט אין די פאבריקען, פיעל פון זיי טאָג און נאַכט, עס זיינען דאָ פאבריקען וועלכע באַשעפטיגען הונ־דערטער ארבייטער. די דאָזיגע אינדוסטריע און דאָס גאנצע עקאָנאָמישע לעבען פון לאנד האָט זיך איצט געווידמעט דער מלחמה אָנשטרענגונג, און זייער גרויס איז די ארץ־ישראל׳דיגע הילף צו דער 8טער ארמיי און איהר נצחון. ארץ ישראל האָט

געלייסטעט א סך טעכנישע הילף, שפייז און חלקים פון אמוני־ציע.

## דער גרויסער וואָלקען פון אידישען אומגליק

ארץ־ישראל איז אין די לעצטע חדשים פארצויגען מיט א טיפען וואָלקען צוליב דער אידישער טראַגעדיע אין אייראפא. די לאַגע אין אייראפא צווינגט אונז ארויסצוטרעטען שטארקער פאר דער וועלט מיט אונזערע פאָדערונגען. מיר ווייסען אז ווען פאַר אַנדערע פעלקער וועט די מלחמה זיך ענדיגען וועט זי זיך פאַר אונז ערשט אָנהויבען. מיר וועלען אפשר נויטיג האָבען א מלחמה מיט די זיעגער. מיר מוזען זיין צוגעגרייט דערצו...

דער צוזאַמענברוך פון די אידען אין אייראפא האָט די אידען אין א"י געטראָפען פיעל טיפער און שטארקער ווי איבעראל. אלע טרויערן אבער פאר אונז אין ארץ־ישראל איז עס אויך א סטראטעגישער מלחמה־אומגליק. ווען די אידען פעהלען אונז, ווער וועט פאר אונז מלחמה האלטען און ווער וועט קומען צו בויען דאָס אידישע לאנד? ארץ־ישראל איז אויך אויפגעשוידערט ניט בלויז צוליב די רציחות נאָר אויך צוליב דער ערנידערונג און דעם געבראָכענעם נאַציאָנאַלען שטאָלץ. ארץ־ישראל פיהלט זיך ניט בלויז ווי אבלים נאָר ווי א געשלאָגענע אויפ'ן שלאכטפעלד. קיין ארץ־ישראל זיינען געקומען עדות וואָס האָבען בייגעוואוינט די שרעקליכע געשעהענישען. די נאַצישע בעסטיעס האָבען זיך אריינגעריסען אין שפיטאָלען און ברוטאל דערמאָרדעט מוטערס מיט זייערע געבוירענע קינדער, נאָר פאר דעם פאַרברעכען וואָס אידען ווערען געבוירען. אין פוילען אז א איד שטאַרבט איז א שמחה וואָס ער איז געשטאָרבען מיט א נאַטירליכען טויט און אז א קינד ווערט געבוירען איז א טרויער. דער הונגער איז שרעקליך און ניט צום באשרייבען. קליינע קינדער האָבען זיך מוסר נפש געווען און פארלאָזט די געטאָס אום צו קריגען עטוואָס שפייז פאר די עלטערן, אבער אויך זיי זיינען ניט געשאָנעוועט געוואָרען און דערשאָסען געוואָרען.

דער שוידער און דער יאָמער פון פוילישען אידענטום האָט ארץ־ישראל געטראָפען מעהר ווי מ׳קען זיך פאָרשטעלען.

איינע פון מיינע שליחות׳ן איז צו פרעגען קלאָר און דייטליך די אמעריקאנער אידען: פאַרוואָס זענט איהר רוהיג? פארוואָס שווייגט איהר? פארוואָס געהט איהר ניט ארויס אין די הונדערטער טויזענטער אין די גאַסען צו שרייען און געוואלדעווען מ׳זאָל אומעטום דערהערען און זוכען וועגען צו ראַטעווען אידען? פארוואָס זוכט מען פאָליטישע חשבונות צו ס׳וועט העלפען אדער ניט העלפען? עס איז די ארבייט פון מזרחי און ספעציעל פון די רבנים צו שרייען און ליאַרמען אין די שוהלען מ׳זאָל אין דער איצטיגער שרעקליכער צייט ניט בלייבען רוהיג. ארץ־ישראל שטרענגט אָן אלע קרעפטען צו העלפען ארויסראַטעווען אידען פון דעם שרעקליכען גיהנום אויב ס׳וועט נאָך זיין ווען צו ראַטעווען.

## די קינדער־עליה

א באַזונדער פראגע זיינען די פוילישע אידען אין רוסלאנד. צווישען פוילען און רוסלאנד ווערען דערווייל אידען צומאַלען. אידען פליכטלינגע קענען ניט ארויספאָהרען פון רוסלאנד, ווייל רוסלאנד האלט זיי פאר רוסישע בירגער און פוילען פאר פוילישע.ביידע ווילען אז אידען זאָלען זיין אויף זייער זייט, אבער דערווייל ליידען הונדערטער טויזענטער אידען. קינדער זיינען יאָ פון דאָרט ארויסגעפאָהרען און געפינען זיך שוין אין טעהעראן און אנדערע וועלען נאָכקומען. מיר שטעהן איצט פאר א גרויסען פראָבלעם, מען רעכענט אז די קומענדיגע עמיגראַציע וועט באַשטעהן 70־60 פראָצענט פון קינדער וועמענס עלטערן זיינען דערמאָרדעט און פארהונגערט געוואָרען. אין טהערעאן געפינען זיך איצט איבער טויזענט קינדער, 748 זיינען קיילעכדיגע יתומים און די איבעריגע יתומים פון איינעם פון די עלטערן. די קינדער זיינען צווישען 2 און 17 יאָהר, זיי זיינען נאַקעט און הונגעריג און פארלאָזט און זייער איינציגער ציעל

איז ארץ־ישראל. די ממשלת הרשעה איראַק וויל בשום אופן ניט דורכלאָזען די דאָזיגע קינדער אפילו דורך דער לופט און זיי מוזען איצט פאָרען ארום און ארום דורך אינדיען מיט שיפען.

## פאָליטישע פראַגען

די פאָליטישע פראגען זיינען פון די וויכטיגסטע: זיין אָדער ניט זיין. מיר אין ארץ־ישראל זיינען פעסט ענטשלאָסען צו באשטעהן אז ארץ־ישראל זאָל זיין אונזערע און מיר ווערלען אויף פשרות ניט איינגעהן, ווייל פשרות מיינען פריהער אדער שפּעטער צו זיין פאַרשקלאפט צו אַנדערע. דער פאָליטישער קאמף געהט שוין אָן זעהר ערנסט דורך רעדעס, ביכער און צייטונגען. אן ענגלישער פראָ־אראַבער האָט אָנגעשריבען א בוך מיט שאלות וואָס פאָדערען אן ענטפער: ער פרעגט אידען א קשיא: ווער האָט זיי געבעטען צו קומען און בויען ארץ־ישראל? אלץ איז גוט און פיין, זאָגט ער, אידען האָבען א סך אויפגעטאָן אבער אַראַבער זיינען מוחל די טובה, זיי זיינען אין לאנד 12־13 הונ־דערט יאָהר און דארפען ניט אנדערע זאָלען קומען. עס ווערט קלאָר, אז די פונדאַמענטאַלע פראגע איז צו דארפען אידען ערלויבעניש ביי די אַראַבער אויף ארייַנצוקומען אין זייער לאַנד. ביי יענעם קריג איז ארץ־ישראל עראָבערט געוואָרען דורך די ענגלענדער, אבער היינט איז ארץ־ישראל פון קיינעם ניט עראָ־בערט געוואָרען און די שאלה בלייבט: ווער האָט מעהר רעכט: אידען צי אַראַבער? די תשובה פון מאַגנעס, השומר־הצעיר און מאנכע אלגעמיינע ציוניסטען איז, אז ארץ־ישראל זאָל געהערן צוביידען גלייך. אבער זיי פארשטעהן ניט, אז אויב די אַראַבער זיינען גלייך האָבען זיי א גרעסערע דעה, ווייל זיי זיינען מעהרער.

# שמועסען מיט פּאָליטישע פיהרער

8 מענשען זיינען מיר געווען וועלכע האָבען געפירט א שמועס מיט'ן בריטישען מיניסטער קייסי, וועלכער האָט באזוכט א"י. ער האָט געפרעגט אַ שאלה: איהר זאָגט אז איהר רעפּרע־זענטירט דאָס אידישע פאָלק, איך קען אָבער אמעריקאנער און ענגלישע אידען וועלכע זיינען געגען אייך. דער פיהרער פון דער דעלעגאציע האָט מיר געבעטען ענטפערען די פראגע און איך האָב געזאָגט: אין תנ"ך איז געזאָגט אז אידען זאָלען היטען שבת, די דאָזיגע וועלכע זיינען געגען אונז היטען ניט קיין שבת און זיינען ניט פרום דאָס הייסט זיי זיינען האלבע אידען און מיר רעדען אין נאָמען פון גאנצע אידען. ענגלענדער פיהרען ערשט 2 יאָהר מלחמה און עס איז שוין דאָ ניט קיין גוטע ענגלענדער, מיר פיהרען שוין מלחמה איבער 1800 יאָהר, פאר־וואָס קענען מיר ניט האָבען ניט קיין גוטע אידען, אבער מיר רעדען אין נאָמען פון גאנצע אידען וועלכע זיינען אלע פאר ארץ־ישראל אלס אידיש לאַנד.

איך האָב אויך געהאַט אַ געשפרעך מיט נאָך אַ גרויסען פּאָלי־טיקער אין דער בריטישער אימפעריע. איך האָב מיט איהם גערעדט וועגען דער פראגע פון א אידישער ארמיי און ער האָט מיר געזאָגט, אז ס'איז ענטשטאַנען די זעלבע פראגע ביי איהם אין לאנד און עס איז באשלאָסען געוואָרען, אז אַ באזונ־דערע אידישען ארמיי איז דאָרט ניט נויטיק. איך האָב איהם געענטפערט, אַז אין אפריקע זענט איהר גערעכט און אין ארץ־ישראל זיינען אידען גערעכט. אין אפריקע האָבען אידען א געמיינזאמע שפראך, א געמיינזאמען כאַראַקטער און קולטור מיט אנדערע, אין ארץ־ישראל אבער האָבען מיר ניט קיין געמיינ־זאַמע שפּראך אלס ארץ־ישראל'דיגע, ניט קיין געמיינזאמען כאַראַקטער און קולטור און אפילו די קיך איז אנדערש.

דער ענין פון כשרות אין דער ארמיי האָט אונז, אגב, גע־קאָסט א סך געזונט און מיה אין ארץ־ישראל. מיר האָבען אבער געהאט עגמת נפש פון אונזערע אייגענע סאָלדאַטען. ווען מען האָט געפרעגט די מיליטערישע פיהרער פארוואָס האָבען אנ־דערע סאָלדאַטען פון פארשידענע נאַציאָנען באזונדערע קיכען און אידען ניט, האָבען זיי געענטפערט, אז די ניו־זעלאנדער, למשל, האָבען א באזונדערע קיך, ווייל אלע ניו־זעלאנדער ווילען האָבען א באזונדערע קיך אבער אלע אידען ווילען ניט, און אויב עס זיינען דאָ אפילו א טייל וואָס ווילען, הייסט עס בלויז א קאפריז פון איינצעלנע.

אין דעם געשפרעך מיט דעם דערמאָנטען שטאַטסמאַן האָט ער געזאָגט: איך שטעה אויפ׳ן שטאַנדפּונקט פון 1918. עס דאַרף זיין א אידישער שטאַאט אין ארץ־ישראל. אין 1918 אָבער האָט מען בלויז גערעדט וועגען דער פראגע פון ארץ־ישראל אליין. איצט אָבער מוזען מיר ארייננעמען דעם גאנצען מזרח אין דעם זין אז דער אידישער שטאַאט אין ארץ־ישראל זאָל זיין א טייל פון א פעדעראציע מיט די אַראַבישע מלוכות. איך האָב איהם געזאָגט: ווען מיר קריגען די מלוכה איז דאָ א מעגליכקייט צו פאַרהאַנדלען וועגען א פעדעריישאן אויף באַ־שטימטע יסודות. אויב מ׳וועט אבער פריהער ארויפצווינגען די פעדעראציע וועט צו קיין מלוכה ניט קומען. ער האָט מסכים געווען אפילו צו פארעפענטליכען אין זיין נאָמען, אז ער האלט, אז פריהער דארף געשאפען ווערען א אידישע מלוכה און ער האָפט אז נאכהער וועט קומען די פעדעראציע. ער האָט צוגעגעבען, אז אידען האָבען באַוויזען נסים אין ארץ־ישראל און וועלען באווייזען נסים. איך האָב איהם אויף דעם געענט־פערט, אז אין נסים דארף מען גלויבען, אבער זיך אויף זיי ניט פארלאָזען. די פאַראייניגטע פעלקער דארפען שאפען די געהעריגע מעגליכקייטען און קאַפּיטאלען אז אידען זאָלען קענען קומען קיין ארץ־ישראל.

עס דאַרף אַלזאָ זיין קלאָר, אַז ארץ־ישראל קען ניט זיין קיין פאַרהאַנדלונגס־פּונקט צווישען אידען און אַראַבער. עס טאָר אויך אַפילו ניט צוגעלאָזען ווערען דער געדאַנק פון פע־דעראַציע כל זמן ארץ־ישראל איז ניט זיכער אַלס אידישע מדינה. מיר אַלס מזרחים מוזען אָנטייל נעמען אין די פּאָליטישע פאַר־האַנדלונגען און אויסאיבען אַ געהעריגע השפעה אויף דער פּאָליטישער אָרענע. מיר זיינען די וועלכע קענען פּראָקלאַמירען אַז מיר ווילען לעבען אין ארץ־ישראל ווייל אונזער רעליגיע און אונזער טראַדיציע פאָדערט עס פון אונז, און ווייל א״י אַלס לאַנד שפּילט אַ ראָליע בלויז פאַר אידען. ווען די אַראַבער מאָהנען ארץ־ישראל צוליב זייערע הייליגע פּלעצער דאָרט, דאַרף מען זיי ענטפערען: הייליגע פּלעצער, האָבען אַלע אומעטום. מיר האָבען הייליגע פּלעצער אין ווילנע און אין קראָקע און אין אַלזשיר, אָבער אַ לאַנד האָבען מיר בלויז ארץ־ישראל. דער דאָזיגער געדאַנק מוז איצט ווערען דער שטאַטס־געדאַנק פון ציוניזם. אויב מען זאָל צולאָזען אַז אַנדערע האָבען גלייכע רעכט אויף ארץ־ישראל איז עס כפירה ניט נאָר אין ציוניזם נאָר אויך אין אידישקייט.

## די ראָלע פון די אַמעריקאַנער אידען

אַמעריקאַנער אידען דאַרפען פאַרשטעהן, אַז אין זייערע הענט ליגט דער שיקזאַל פון דעם אידישען פאָלק. איינער פון די גרויסע פּאָליטיקער האָט מיר געזאָגט, אַז דער טעות פון אַמעריקאַ ביי יענער מלחמה איז געווען וואָס זיי זיינען געקו־מען, געזיעגט און אַנטלאָפען. איצט ווילען די אַמעריקאַנער האָפענטליך שוין ניט אַנטלויפען. זיי ווילען שטעהן און שטאַרק מאַכען דעם שלום נאָך דער מלחמה. דאָס זעלבע דאַרפען די אַמעריקאַנער אידען וויסען, וואָס פאַר אַ ריזיגער פאַקטאָר זיי זיינען איצט און ווילען זיין נאָך דער מלחמה. זיי מוזען אויף זיך נעמען די אויפגאַבע צו ראַטעווען דאָס אידישע פאָלק. עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז ארץ־ישראל וועט אויך שפּילען

די גרויסע ראָלע, דאָס אמעריקאנער אידענטום האָט אבער די גרויסע קראפט פון מאָנען און פאָדערען. די אמעריקאנער אידען און באזונדערס די אָרטאָדאָקסיע קען אויפווייזען פאר דער גאנ־צער וועלט, אז אויב מען נעמט צו ביי אונז ארץ־ישראל קענען מיר קיין צוקונפט ניט האָבען אין דער וועלט. אידישקייט האָט אין ערגעץ קיין באָדען ניט אויב דער יסוד איז גלות, נאָר אין ארץ־ישראל קענען אידען לעבען א פולען אידיש לעבען און משפיע זיין אויף דער גאנצער אידישער וועלט.

## מזרחי אויפטוען אין ארץ ישראל

אַ גרויסער הרהור־תשובה הערשט איצט אין ארץ־ישראל א דאנק אונזער פראָפּאָגאנדע. הרב הערצאָג האָט באַזוכט א סך לינקע פלעצער און געפונען אומעטום א שטאַרקען אָפּקלאַנג, למעשה אבער איז נאָך ניט קיין סך בעסער, צוליב דעם וואָס די געזעלשאפט אין ארץ־ישראל איז אין גרויסען טייל א קאָ־לעקטיווע. א יחיד קען גיכער תשובה טאָן, אָבער ביי א קאָ־לעקטיוו איז פון דעם געדאנק ביז דער פראַקטישער אנווענדונג א גרויסער מהלך. מ׳רעדט שוין אפילו אין אנדערע קרייזען וועגען רעליגיעזען חינוך, אָבער דערווייל איז עס נאָך גאנץ ווייניג. הרב עחיאל האָט געפרעגט אין א לינקער קבוצה וועגען זייער באציהונג צו רעליגיע האָבען זיי געענטפערט, אז זיי זיינען טאָלעראנט און שטערן ניט קיינעם. דאָס איז שוין א טריט פאָראויס, ווייל צוריק מיט א פאָר יאָהר זיינען זיי ניט געווען טאָלעראנט אבער צו אמת׳ער תשובה קומט עס נאָך ניט. אַ לינקער פיהרער האָט מיר געזאָגט: די צרה איז וואָס מיר זיינען שוין אביסעל צו ווייט אוועקגעגאנגען אבער פונדעסט־וועגען קלערן מיר א סך דערפון. דאָס איז אונזער פארדינסט וואָס מיר מאכען אנדערע קלערן, דאָס איז דער פארדינסט פון 40 יאָהר מזרחי וועלכער האָט געפרעדיגט דעם געדאנק, אז דער פאָליטישער ציוניזם קען ניט האָבען קיין ערפאָלג סיידען אידען וועלען זיך פיהרען לויט דער טראַדיציע פון אידענטום. און דאָס איז אונזער אויפגאבע צו ערציהען דורות אויף דעם

געדאנק, אז אָהן דעם אָריגינעלען אידישען לעבען קענען אידען ניט עקזיסטירען און אז א רעליגיעזע ארץ־ישראל איז א גרע־סערע גאַראַנטיע פאַר אַ אידישער מדינה אין ארץ־ישראל.

# חינוך פּראָבלעמען

מיר האָבען געהאט דאָס פּראָבלעם פון „חינוך אחיד". מענ־שען קומען צו אונז און זאָגען מיר ווילען אויך רעליגיעזען חינוך פאר וואָס דארף מען א צושפּליטערטען חינוך אין ארץ־ישראל. מיר זאָגען א „חינוך אחיד" איז גוט בלויז אויפ'ן מזרחי חינוך־פּראָגראם. אויב דער פּראָגראם איז אפילו גוט נאָר די לעהרער זיינען ניט רעליגיעז איז עס ניט קיין רעליגיעזער חינוך. די רעגירונג האָט זיך אויך אריינגעמישט אין דער פראַגע מיט'ן תירוץ אז א באזונדערער חינוך קאָסט צופיעל און מיר מוזען דעריבער פיהרען אַ קאַמף וועלכער געהט נאָך אָן. נתניה — איז געוואָרען א פּרוב־שטיין אין אונזער חינוך־קאמף. מען האָט דאָרט ניט דערלאָזט קיין מזרחי־חינוך. זיי האָבען געוואָלט א רעליגיעזען בית־ספר אָהן מזרחי און מיר האָבען געוואוסט אז אָהן מזרחי קען קיין רעליגיעזער בית ספר ניט זיין. א גאַנץ יאָהר האָט מזרחי אויסגעטראָגען אויף די אייגענע פּלייצעס די גאנצע הוצאה פון דעם בית־ספר מזרחי אבער נאָכ'ן יאָהר האָט די מועצה דאָרט געמוזט באַשטעטיגען דעם בית־ספר מזרחי און דאָס איז פאַר אונז געווען א גרויסער נצחון. מזרחי מוז איצט שאפען אין ארץ־ישראל מעהר קינדער גערטנער און מעהר מיטל־שולען. מיר מוזען אויך קריגען א גרויסע השפּעה אויף די שטאָדט פארוואלטונגען. צו דעם אלעמען נויטיגען מיר זיך אין גרעסערע סומען וועלכע מיר מוזען קריגען.

איך האָב דערמאָנט די קינדער עמיגראציע און די 1000 יתומים וואָס מען ערווארט שוין אין ארץ־ישראל. ווי אזוי זאָלען די דאָזיגע קינדער ערצויגען ווערען? פון די 6000 קינדער וואָס זיינען געקומען ביז אהער פון דער „עלית הנוער"

זיינען בלויז 1200 ערצויגען געוואָרען רעליגיעז דורך מזרחי, הפועל המזרחי און מזרחי פרויען. וועגען די קינדער וועלכע קומען איצט זאָגען די פיהרער פון עלית הנוער, אז מ׳וועט נאָכזוכען און נאָר די קינדער וועלכע שטאַמען פון רעליגיעזע עלטערן וועלען ערצויגען ווערען אויף דעם וועג. מזרחי האָט דאָס ניט אָנגענומען. מיר האַלטען אז אפילו עלטערן קענען ניט זאָגען קיין דעה וועגען ערציהונג ווי זיי קענען ניט זאָגען קיין דעה וועגען שפראַך. די קינדער זיינען פון כלל ישראל און ווערען ערצויגען אויפ׳ן חשבון פון כלל ישראל און ס׳קען דעריבער ניט זיין זיי זאָלען ערצויגען ווערען ניט רעליגיעז. איבערהויפט קען די סיסטעם פון ביז איצט ניט אָנגעהן, ווייל זעהר וועניג קינדער קומען מיט די עלטערן, און קיינער ווייס אפילו ניט וואו די עלטערן זיינען און אויב זיי לעבען בכלל. דערצו דאַרף ניט פארגעסען ווערען, אז כמעט אלע פוילישע קינ־דער שטאַמען פון רעליגיעזע עלטערן. די אגודת ישראל טענה׳ט אַז די קינדער געהערן צו זיי, ווייל אגודת ישראל האָט געהאט א געוויסען איינפלוס אין פוילען; די לינקע קיבוצים פאָדערן זייער טייל. מזרחי זאָגט אז מיר מאָנען ניט קיין קינדער, מ׳קען ניט פארטיילען קינדער לויט א פארטיי־שליסעל, מיר ווילען נאָר אז די קינדער זאָלען ערצויגען ווערען רעליגיעז. דאָס זעלבע האָבען מיר געענטפערט אגודת ישראל וועלכע האָט אונז פאָרגעשלאָגען פיפטי־פיפטי. מיר האָבען זיי געזאָגט: מיר טיילען ניט קינדערשע נשמות, קענט איהר זיי געבען א געהעריגע רעליגיעזע ערציהונג טהוט דאָס, מיר וועלען טאָן וואָס מיר קענען, און דער מזרחי האָט דאָך באַוויזען זיין שטארקייט אין ערצי־הונג, וואָס אלע זיינען מודה. מיר וועלען אלזא זיך נויטיגען אין ספעציעלע פאָנדען, מיר וועלען מוזען שאפען ספעציעלע אנ־שטאַלטען פאר די קינדער אין די דערפער.

עס איז דאָ א באַוועגונג אין ארץ־ישראל אונטערן נאָמען „למשק ולנשק״, מ׳שיקט יוגענד אין די דערפער זיי צוצוגרייטען צו ווירטשאפט און צו געוועהר. די קאָלאָניעס דארפען די קינדער אויסהאלטען. מיר האָבען געהאט די מעגליכקייט צו ערציהען בלויז איין גרופע, ווייל עס האָט געפעהלט מיטלען; דער „הפועל המזרחי״ האָט געוואונען גרויס אנערקענונג און מ׳וויל איהם איבערגעבען נייע פלעצער צו היטען און צו בויען, נאָר מ׳דאַרף נייע מיטלען. אין מזרחי איז ענטשטאַנען א נייע באַוועגונג „נוער מזרחי״ וועלכע פאָדערן נייע מעגליכקייטען פאר קאָלאָניזאציע; עס זיינען דאָ מעגליכקייטען פון התישבות אין „יבנה״ און אין נייע פלעצער ארום ירושלים, אָבער עס זיינען נויטיג קאָלאָסאלע סומען און מיר מוזען זיך אָפּהאלטען צו שאַפען נייע קאָלאָניעס ביז מיר וועלען קריגען די מיטלען.

## גרינדונג פון נייע ישיבות

ביז מיט יאָהרען צוריק זיינען ישיבות בלויז געווען פון ישוב הישן און די לעצטע יאָהרען האָט זיך אויך א סך געענדערט אויף דעם געביט. תורה איז ניט בלויז פאר מאה שערים נאָר אויך פאר׳ן עמק יזרעאל, תורה דארף אויך געלערנט ווערען אויף העברעאיש, און אויב ניט דער מזרחי איז ניטאָ אין ארץ־ישראל קיינער וועלכער זאָל זאָרגען דערפאר. מזרחי האָט אויף זיך גענומען די איניציאַטיווע צו גרינדען ישיבות קטנות און ישיבות גדולות, די תלמידים זיינען געקומענע קיין ארץ־ישראל און אויך געבוירענע אין ארץ־ישראל און ערצויגענע אין מזרחי שולען. אפילו אין חברונער ישיבה געפינען זיך שוין אויך תלמידים פון די מזרחי שולען. אין כפר הרואה איז געגרינדעט געוואָרען א ישיבה פון „בני עקיבא״ וועלכע איז פון די באַדייטענדסטע אין ארץ־ישראל סיי אין כמות און סיי אין איכות. צוליב דער העברעאישער שפראך זיינען צוגעקומען א סך תלמידים פון די תימנים וועלכע מ׳האָט ביז אהער פאַרנאַכלעסיגט. כמעט אין יעדער קאָלאָניע גרינדען מיר ישיבות

קטנות און וואָס מעהר א קאָלאָניע קומט צו א ניי פלאַץ פאַר א ישיבה קטנה. די ישיבה אין „יבנה" איז פון ספּעציעלער באַדייטונג. דער קק"ל האָט אונז געגעבען די היסטאָרישע ערד פון „יבנה" מיט'ן צוועק צו גרינדען א ישיבה „כרם ביבנה". אוסישקין האָט מיר געשריבען א בריעף מיט 28 יאָהר צוריק אז ער זוכט. דאָס לאַנד פון „יבנה" פאַר א ישיבה, אבער דאָס לאַנד פון „יבנה" איז ערשט אויסגעלייזט געוואָרען מיט 3 יאָהר צוריק. מיר האָבען געקראָגען א קאַפּיטאַל פון 20 טויזענד פונט צו בויען די בנינים. דאָס לאַנד אין „יבנה" איז שוין באַזעצט פון א קאָלאָניע פון „פּועל המזרחי", א טייל ערד איז אויך רע־זערווירט פאַר א מזרחי קאָלאָניע.

די שוועריגקייטען איצט זיינען צוליב דעם וואָס אין משך פון דער מלחמה לאָזט מען ניט בויען קיין נייע בנינים, אבער אז מיר וועלען קענען צוטרעטען צו דער ארבייט וועלען מיר דאַרפען צולייגען א סך געלט. מיר האָבען אַ פּלאַן צו בויען ספּעציעלע בנינים פאַר רבנים און תלמידי־חכמים וועלכע וועלען קומען קיין „יבנה" זיך פאַרפולקאָמען אויף פאַרשידענע געבי־טען. די ישיבה הקלאית וועלכע מיר האָבען געגרינדעט האָט אַ גאַנץ באזונדערע אויפגאבע צו פאראייניגען לאנדווירטשאַפט מיט תורה און דאָס לערנען דאָרטען וועט זיין פאַרשידען לויט די צייטען פון יאָהר ווי עס איז געשעהן אין די גאָר אַלטע צייטען. אַמאָל וועט מען זיך אָפּגעבען מעהר מיט תורה און אמאָל מעהר מיט לאַנדווירטשאַפטליכע ענינים. די בנינים פון דער ישיבה האָבען געקאָסט בערך ניין טויזענד פונט, דער גרעסטער טייל דערפון דורך א נדבה פון א באַוואוסטען מזרחי; מיר ערוואַרטען נאָך גרעסערע סומען פאַר דעם צוועק. די דאָזיגע ישיבה חקלאית עפענט א נייעם פּרק אין דער געשיכטע פון ארץ־ישראל, אבער אין דער ישיבה איז נאָך פאַראַן א סך פּלאַץ פאַר נייע איינריכטונגען און פאַרפולקאָמונגען וועלכע וועלען דאַרפען גרויסע סומען.

# דער מפעל התורה

מזרחי דענקט אז זי דאַרף זיך אויך פארנעמען מיט שאַפען מיטלען פאר אלע ישיבות אין ארץ־ישראל אָהן אויסנאהם, ווייל ארץ־ישראל איז דאָס איינציגע פלאץ וואו ישיבות וועלען געבויט ווערען און זיך ענטוויקלען אין גינסטיגע באַדינגונגען. צו דעם צוועק איז געשאפען געוואָרען דער „מפעל התורה", צו שטיצען אלע ישיבות אָהן וועלכע אויסנאהמע. עס איז אפילו דאָ נאָך א אינסטיטוציע אין ארץ־ישראל פאר דעם צוועק וועלכע רופט זיך „ועד הישיבות". אבער אום צו קריגען שטיצע מוז זיך יעדע ישיבה אָפיציעל אונטערשרייבען אז זיי וואַרפען זיך אונטער דעם ועד הישיבות, אויך דער פאַקט וואָס בראש פונ'ם ועד הישיבות שטעהען פיהרער פון אגודת ישראל איז ניט קיין שבח אין ארץ־ישראל, ניט ביי די געבער און ניט ביי די ישיבות. דער מפעל התורה פאָדערט גאָר ניט פון קיינעם, מיר טוען עס ווייל מיר ווייסען אז מיר קענען ניט לאָזען די תורה צו אנדערע. מיר האָבען אפילו געהאט געגנערשאפט אין אונזער אייגענעם לאַגער פון חברים וועלכע האָבען געהאלטען אז מיר זאָלען זיך קאָנצענטרירען צו שאפען הילף פאר די נייע ישיבות מיט העבּרעאיש אלס די שפראך פון לערנען. די אלגעמיינע מיינונג פון די פיהרער פון „מפעל התורה" שטעהט אויפ'ן שטאַנדפונקט אז תורה איז העכער פון שפראַך. מיט'ן „מפעל התורה" האָבען מיר אריינגעבראכט דעם תורה שטאַנדפונקט אין אלע שטעדט און קאָלאָניעס וואו די אסיפות און זאַמלונגען געהן אָן מיט דער באַטייליגונג פון פיהרענדע פערזענליכקייטען פון ישוב אָהן אונטערשיד פון פארטיי און ריכטונג.

דער „מפעל התורה" איז ניט נאָר א שטיצע פאר ישיבות נאָר אויך א כבוד פאר תורה. די באַריהמטע ישיבות „מאה שערים", „תורת חיים", „מרכז הרב" העלפען אונז א סך אין אונזער ארבייט. „מפעל התורה" איז שוין היינט א פאָלקס־אינסטיטוציע וועלכע איז געוואָרען די זאַך פון גאַנצען ישוב. מיר האָבען אריינגעלייגט איבער טויזענט פונט אין שאפען דעם „מפעל התורה" פון וועלכען מיר האָבען שוין איצט 200 פונט

מאַנאַטליכע הכנסה און מיר האָפען די הכנסות צו פאַרגרעסערען.
אַ וויכטיגע תורה אינסטיטוציע אין ארץ־ישראל איז אויך די „קהלת״ וועלכער׳ס צוועק איז אויסצוהאלטען די יונגעלייט וועלכע זיינען מצוינים און ווילען זיך פארפולקאָמען אין לערנען.

אין די פרעסע־אינטערוויאוען האָב איך געגעבען אַן אָפּ־טימיסטישען בליק וועגען דער עקאָנאָמישער לאגע אין ארץ־ישראלד און אנדערע האָבען געזאָגט אז דאָס קען שאדען טאָן די מוסדות התורה אין ארץ־ישראל אדער די ציוניסטישע פאָנ־דען. איך האָב שוין אין אפריקא ערקלערט, אז אמאָל זיינען מיר געקומען פון ארץ־ישראל ווי אָרימעלייט און געבעטען שטיצע, היינט זיינען מיר רייך און מיר ווילען אז אידען פון גלות זאָלען ווערען שותפים צו אונז. דאָס האָט דאָך ניט צו טאָן מיט די מוסדות און ישיבות וועלכע לעבען דווקא דורך זעהר א קריטישע צייט צוליב דעם וואָס דער יקרות איז גע־שטיגען און די הילף וואָס זיי פלעגען קריגען פון חוץ לארץ איז כמעט אָנגעשניטען געוואָרען צוליב דער מלחמה און דעם אידישען חורבן. ארץ־ישראל גיט שוין היינט אליין פאר תורה אבער ניט אזוי פיעל עס זאָל קענען דעקען די גרויסע הוצאות. עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך אז דער סוחר און דער ארבייטער פארדינען מעהר אבער ניט דער ישיבה־מאַן. פון דער צווייטער זייט געהט אַן ארום די ישיבות א טענדענץ צו ווערען פראָדוק־טיוו. ישיבה־לייט גיבען ארויס ספרים. עס איז דאָ א באַוועגונג ארויסצוגעבען א תלמודישע ענציקלאָפּעדיע. 100 פונט א חודש ווערען אויסגעטיילט צו בני הישיבה וועלכע ארבייטען אויף דעם. אויף דער איניציאַטיווע פון הרב עמיאל און הרב פישמאן ווערט געשאַפען א נייע שיטה מקובצת; אונטער דער פיהרערשאַפט פון הרב הערצאָג ווערט צוגעגרייט א ניי ווערק וועגען משפטים. אויך איז געגרינדעט געוואָרען א געזעלשאפט ארויסצוגעבען א נייע אויסגאבע פון דעם תלמוד בבלי און ירושלמי מיט פיעלע הוספות און כתבי יד. די דאָזיגע ארבייטען זיינען ניט בלויז גייסטיגע אויפטוען, זיי ברענגען אויך עקאָנאָמישע געווינסען צו תלמידי־חכמים און בני הישיבה. מזרחי מענשען לייגען אוועק א סך כוחות און שטעהט בראש די אלע ארבייטען.

# נייע אויסלייזונג פון באָדען

אין קרן־קימת לישראל געהט אָן א גרויסע אָנשטרענגונג אויסצולייזען גרויסע שטרעקעס לאנד וועלכע האָבען א היסטאָרישע און סטראַטעגישע באַדייטונג. צו מאַכען שטארקער דעם ישוב צווישען ירושלים און חברון מוז דאָרט זיין א גרויסער ישוב פון פרומע אידען. דאָרט וועט געבויט ווערען אי״ה דער „נחלת הרצוג״ ווי אויך די וועלדער מיט וועלכע די אמעריקאנער מזרחים זייגען אינטערעסירט. חברים פון מזרחי און הפועל המזרחי וועלען פיעל פּראָפּיטירען פון דער אונטערנעמונג. דאָ אין אמעריקא דארף געשאַפען ווערען דאָס געלד פאר אויסלייזונג דאָס שטיקעל לאַנד וואָס האָט ניט נאָר די קדושה פון ארץ־ישראל, נאָר אויך די חשיבות פון ירושלים.

דער אמעריקאנער מזרחי האָט זיך געהאט פארפליכטעט צו שאפען אַן אייגענעם בנין פאר׳ן מרכז עולמי של המזרחי. עס איז א חילול־השם אז דער צענטער פון דער גרויסער וועלט־באַוועגונג פון מזרחי זאָל ניט האָבען קיין אייגענע היים. אויסלענדישע געסט און אפילו מיליטער־לייט קומען באזוכען דעם מרכז עולמי און געהן אוועק ענטוישט. די דאָזיגע פארפליכטונג דארף אויסגעפיהרט ווערען און די היים פאר׳ן מרכז עולמי דאַרף געשאפען ווערען.

# מזרחי באַנק

די מזרחי באנק אין ארץ־ישראל האָט ניט קוקענדיג אויף די שוועריגקייטען וואָס אלע בענק אין ארץ־ישראל האָבען דורכגעמאכט, אויסגעהאלטען דעם עקזאַמען. 4 הונדערט טויזענד פונט דעפּאזיטס זיינען געווען אין מזרחי באַנק ביים אויסברוך פון דער מלחמה ווען אלע זיינען געלאָפען ארויסציהען די דעפּאזיטס. היינט איז די מזרחי באַנק אינגאנצען שולדיק 60־70 טויזענד פונט. אין צוזאַמענהאנג מיט די נייע מזרחי פּלענער פאר קאָלאָניזאציע איז די מזרחי באַנק פאר אונז פון גרויס וויכטיגקייט.

# הצופה

אונזער העברעאישע טאָג־צייטונג „הצופה" עקזיסטירט שוין באלד 6 יאָהר און האָט א גרויסע השפעה אויפ'ן ישוב. די צייטען זיינען אבער ניט קיין נאָרמאַלע און מיר ארבייטען מיט אַ דעפיציט. פאַפּיר איז פילפאַך געשטיגען. די מאַשינען פון דער דרוקעריי וואָס דער אַמעריקאנער מזרחי האָט געשיקט האָבען געמוזט איבערגעפירט ווערען אויף אנדערע פלעצער צוליב מיליטערישע פאָדערונגען און דאָס ארויסגעבען די „הצופה" איז פארבונדען מיט גרויסע הוצאות און אויך דאָ נויטיגען מיר זיך אין הילף.

## וואָס דאַרף טאָן דער אמעריקאנער מזרחי ?

דער מזרחי אין ארץ־ישראל האָט געקריגען געוויסע שטיצע פון דרום־אפריקא און אנדערע קלענערע לענדער, אבער דער יסוד פון אלעס איז אמעריקא. מיר אין ארץ־ישראל קענען ניט בלייבען ביי די פריהערדיגע הכנסות און פריהערדיגע השגות. די ארבייט מוז שטענדיג פאַרגרעסערט און פאַרשטארקט ווערען. דער מזרחי אין ארץ־ישראל מוז וואַקסען און זיך פארברייטערען און אויך קריגען א השפעה אויפ'ן געזעלשאפטליכען לעבען. עס גרייטען זיך אומעטום ארבייטען אויף נאָך דער מלחמה מיר אויך טאָרען ניט אָפּשטעהן. עס ווערען געמאכט וואהל־קאַמפּאַניעס פאר וועלכע מיר מוזען האָבען מיטלען אום צו פאַרגרעסערען אונזער השפעה. מיר מוזען עפענען נייע בתי־ספר, גרינדען קאָלאָניעס און מוסדות. אויב מיר ווילען ניט ווערען קלענער מוזען מיר ווערען גרעסער. דער פרעסטיזש פון מזרחי איז פיעל שטארקער ווי געוועזן, אבער צו השפעה מוז מען האָבען מיטלען. ביי היינטיגען טאָג האָט דער מזרחי דעם גרעסטען איינפלוס אין ארץ־ישראל נאָך דער הסתדרות. דער אמעריקאנער מזרחי מוז אונז צושטעלען די מיטלען כדי צו פאַרשטאַרקען אונזער אָנזעהן אין ארץ־ישראל.

# שלום

איך בין ניט געקומען ווי קיין משולח. עס איז שוין געקו־מען די צייט מיר זאָלען זיך שטעלען העכער איבער די אלע געלט־ענינים. אידען דארפען אָבער אליין פאַרשטעהן, און עס איז אַ שאנדע ווען אידען פארשטעהן ניט, אז עס איז געקומען די צייט אידען זאָלען אָפּגעבען א חלק פון זייער אייגענטום פאַר ארץ־ישראל. פעלקער גיבען אוועק דאָס בעסטע און דאָס שעהנסטע וואָס זיי פארמאָגען. די צייט איז געקומען אז אידען זאָלען זאָגען: ווער דארף אונזער געלט און מיר וועלען עס געבען. אין דער איצטיגער גוואַלדיגער צייט ווען מיליאָנען לע־בענס האָבען זיך מקריב געווען, דארפען אמעריקאנער אידען האָבען א גרויסען חשבון הנפש. די איינציגע האָפנונג אויף אן אייגענעם באָדען אונטער די פיס איז ארץ־ישראל; די איינציגע האָפנונג פאר תורה און מצוות, פאר שבת און אידישקייט איז און וועט זיין ארץ־ישראל.

אלע כוחות דארף דער אמעריקאנער מזרחי אָנשטרענגען צו גרעסער מאַכען די איינגאָמען און שאפען באזונדערע פאָנדען פאר גרויסע צוועקען. וואָס מעהרער מיר וועלען שאפען אין ארץ־ישראל אלץ שטארקער אונזער פּאָליטישע קראפט און אלץ שטארקער וועט זיין דער רעליגיעזער כאַראַקטער אין ארץ־ישראל.

מעהר טראכטען און מעהר טאָן! — דאָס איז אונזער לאָזונג און רוף צו אמעריקאנער אידען.